בנימין רעסלער

# ערשטע געזאנגען



1922
יודישער ליטעראַרישער פֿאַרלאַג
לעמבערג

## בּנימין רעסלער

# ערשטע געזאַנגען

1922

יודישער ליטעראַרישער פאַרלאַג
לעמבערג

# אַ פּאָר ווערטער.

רעסלערס ערשטען ביכעל געדיכטע שיק איך פּאָרויס די פּאָר ווערטער נישט צוליב דעם, ווייל ער נויטיגט זיך אפשר אין מיין הסכמה אָדער ווייל איך בין מסוגל, איהם אויסצורופען אַלס דיכטער.

אויב ער איז עס נישט, וועט איהם דאָס גאָר נישט העלפען. און ווייל ער איז עס, איז מיין סטעמפּעל איבעריג.

מיט מיינע ווערטער בין איך נאָר אויסן, אָנצוווייזען אויף די דיכטערישע וואַלאָרען, וואָס רעסלער פּאַרמאָגט און וואָס זענען היינט זעלטען ביי דער יונגער יודישער פּאָעזיע.

רעסלער לייגט נישט איין קיין וועלטען. ער איז נישט קיין רעוואָלוציאָנער, ער שטורמט נישט די הימלען אין קאַמף מיט דער געטליכער מאַכט, ער זינגט, ווי דער פויגעל זינגט, וואָס וואוינט אין די צווייגען.

די פאָרם פון זיין פּאָעזיע באַטייט דאָס אומקעהרען זיך צו די מעטרישע פאָרמען פון גוטען קלאַנג און מוזיק. זי איז געפעליג און לייכט און פון אייביגען

ווערט. דאָס עסטעטישע געפיהל איז באַפרידיגט און דאָס אויער איז צופרידען.

צוליב דער פאָרם איז רעסלער נישט מקריב דעם תוכן, וואָס איז געגנוג טיף און פיהרט צו פאַרטיפונג. מען מוז זיך אָפּשטעלען, ליינענדיג זיינע לידער און אַ קלער טון. די טיפקייט איז אַ'ן ערנסטע און נאַטירליכע און נישט קיין געקינסטעלטע.

און צוליב דעם תוכן לייד נישט די פאָרם.

און אָט דער פאַקט — דאָס פאָרען זיך פון פאָרם און אינהאַלט — דאָס איז די קינסטלערישע מעלה, וואָס גיט רעסלער'ן דאָס רעכט, אַריין צו טרעטען אין דעם מקדש פון דער יודישער פאָעזיע.

לעמבערג דעם 20-סטען נאָוועמבער 1922.

ד"ר אַנזעלם קליינמאַן.

פֿאַר מיר און אויך פֿאַר אַלע זיי,
וואָס האָבּען וואָהר אין טרוים געזעהן
און ר'איז אין ווייסען טאָג צערינען;
וואָס האָבּען זאַפֿט אין גאַל געזויגען,
אין האָניג בּיטערקייט געפֿיהלט;
וואָס האָבּען טעג-ווייז אומגעבּלאָנדזעט
און אין פֿינסטערניש פֿאַרגאַנגען —
אַ שלאָף-געטראַנק פֿאַר ווייסטע נעכט,
אַ גלאָקען-קלאַנג צום ווייסען טאָג!...

# טרוימען מיינע!

גאָלד-געשפּינסטע טרוימען מיינע,
כ׳צערטעל אייך, ווי ליבע קינדער!
כ׳פליה מיט אייך אין ווייטען מרחק,
ווי אויף פאַכ׳נע טויבען-פליגעל!

חלומות מיינע! אויסגעפּיעשטשעט
האָב איך אייך אין אומעט-שעה׳ן!
מיט אַ טרויער-שמייכעל בליק איך
אויף די שורות — גאָלד-חלומות...

אייביג ועס אַהר לעבען, טרוימען,
שפּור פון קלאָגענדע נגונים:
איהר וועט זיין אַ זכר, אַז איך
האָב פון ליידען אייך געוואונען!

איצטער טראָגט מיך, גאָלדגעוועבטע
טעג-חלומות איבער פעלדער,
איבער בערג און פלאַכע טאָלען,
איבער טיפע בלויע ימים!...

# מיין ליד.

כ׳דיכם אַליין; און דאָך מיין לעבען איז נישט מעהר,
ווי בלויז אַ דיכטונג און אַ רעטענישׁ פאַרשטעלט;
גאַנץ פאַרשלייערט בלייבט מיין זעעל און מיין געצעלט,
פון וואַנען, לאַנג, מיין האַרצענדיגע שירה קוועלט.

ס׳ברענט אַ גיהנום־פייער אין מיין האַרץ; צוזייט
די פונקען, וואָס זיי ברענען, גליהען לאַנג.
און די זעעל — זי פרעהט זיך אַלץ פאַרשטעלטערהייט,
ווען פלאַמען ברענען, וואָס דערוועקען איהר געזאַנג.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זינגט זי אָט די זעעל, נישט הערט זיך איין אַ מענש,
ווי האַרצ־צעררייסענדיג איהר קול זיך טיף צוגיסט!
זינגט זי אַנדערש, אָט די זעעל — און קיינער פיהלט,
ווי פרעהליך, לוסטיג באַלד איהר שירה ווייט פאַרפליסט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען אין איינזאַמקייט אַמאָל אין מיין געצעלט
צוברענט זיך אָט אַ פונק — דאָס איז אַ׳ן אמת ליד
פון דער זעעל, וואָס וויל צורייסען דאָך דעם שלייער;
זי זינגט פון וועהטאָג, באַלד פון לוסט:
דער פונק — ער גליהט!

# אין וואגעל-נעכט.

ווען כ׳טו מיין קאָפּ אין אייגנעם קישען לעהנען
און נעכט פאַרוואָגעלטע דורכוואַכען,
מיין גוף מיט אייגנע שאַרפע נעגעל רייסען —
פאַרמישט זיך אין מיין צאָרן אַ ביטער לאַכען,

אַ לאַכען פון דער גאַל; און כ׳בייס די ליפּען
מיט מיינע ציין ביז ס׳זאָל דאָס בלוט מיר טריפען
און כ׳רייס אַ האָר נאָך אַ האָר פון׳ם קאָפּ מיר —
גלייך וואָלט איך איצט אַליין דעם טויט מיר רופען!

גלייך זעה איך שוין מיין טונקלען סוף אין חשכות:
אַ שאָטען, וואָס אַנטלויפט ביי טויזענד זונען-שטראַלען;
מיין סוף אין טויזענד וועלטען פון הפקרות:
אַ פערל, וואָס איז טיף אין ים געפאַלען...

ווען כ׳טו מיין קאָפּ אין אייגנעם קישען לעהנען,
נישט מעהר אין פרעמדען מעט מנוחה זוכען,
מיין תוך, מיין סוד, „צו וואָס?“ אויך דאָרט מיך
פרעגען —
אויף מיר דאָ פאַלען טויזענד אַנד׳רע פלוכען!

ווען ס׳האָט אַ מידקייט מיך אַהיים געצויגען,
דעם פונק פון האַרציקייט אַדאָ צו טרעפען,

וואו ס'איז מיין שורש טיף און שטאַרק געוואָרצעלט,
אַ טרונק פֿאַר זיינע דאַרע צווייגען שעפּן —

האָט ביטער מיך דאָך אָפּגענאַרט די האָפֿנונג:
און מאַטערנישען האָב איך נאָר געפֿונען!
נו שנייד איך מיר, אין אַלטען בעט געצויגען,
די אָדערן אויף: מיין זידיג-בלוט זאָל רינען!

און ס'זאָל אין ליכטיקייט קיין אויג מיך שטעלען —
די טעג וועל איך צו וואָגעל-נעכט מיר מאַכען,
אויף מיין סוף אין טויזענד הפקר-וועלטען
וועל איך שוין וואַרטען מיט אַ ביטער לאַכען...

* *
*

קאָן איך דען שטילען דאָס אומרוהיג האַרץ מיינס,
וואָס נאָגט מיך און רייסט מיך אַ יעדעס מאָל מעהר?!...
רעדען צום האַרצען קאָן איך נאָר אַ פרעמדען
און שטילען מיין אייגענס — דאָס האָט מיר נישט וועריג...

## דער סוף...

מײַך נאַרען די האָפֿנונגען, זיסע דערוואַרטונגען,
די יאָהרען פֿאַרשווינדען און כ׳זעה נאָך קיין סימן,
אַז ס׳נעמט שוין אַן ענדע דאָס שטענדיגע לײַדען;
איך בין נאָר אין פּוסטע חלומות פֿאַרשווימען.

געחלומט, געהאָפֿט אַלץ, אַז ס׳איז דאָך פֿאַרהאַנען
פֿאַר מיר אויך אַ ווינקעל, צו קאָנען דאָרט לעבען
נאָך לאַנג נע־ונד זיין און צילען צו זוכען;
עס האָבען חלומות מיר גאָר נישט געגעבען.

פֿון איין טאָג צום צווייטען פֿאַרליר איך די כחות
און שלאָפֿער די אברים פּאַמעליך מיר ווערען,
און ס׳דאַכט זיך, איך וועל אין אַ שעהנעם פֿריהמאָרגען
פֿאַרגעהן ווי אַ בלאַסענקער, קליינינקער שטערען.

* *
*

געקושט וואָלט איך אַלע,
געקושט אין די שעה'ן פון טרויער!

גראָד דענסטמאָל באַקומט מיך אַ בענקען נאָך ליבע,
אַ גליסטונג, צו ווערען געצערטעלט, געפּיעשטשעט;
צו פיהלען אַ האַנד פון געליבטער מיך גלעטען
און אויגען, וואָס קוקען זיך איין אין מיין זעעל.

אין שעה'ן פון עצבות, גראָד דענסטמאָל פאַרבענקט זיך
נאָך ציטריגע ווערטער, געשעפּטשעט בלחש,
ווי הייליגע תפלות, וואָס שווימען פון האַרצען,
ווי הייליגע תפלות: געליבטער'ס געזאַנג.

און שטיל וואָלט איך דענסטמאָל פאַר יענער געליבטער
געעפענט מיין האַרץ, דעם מקור פון מיין נגון,
וואָס קוועלט נאָר אין שעה'ן פון בענקשאַפט און עצבות:
מיך ליבט נישט קיין מענש —

און איך ליב היינט — אַ וועלט!...

## אין מיין געצעלט...

קום ווילסטו לאַכען מענשען-קינד
מיט מיר איינאיינעם פון דער וועלט —
באַנאַכט, ווען אַלעס חלומט שטיל,
דאַן קום צו מיר אין מיין געצעלט.

אַ ליד, וואָס ביטער לאַכט און שפעט,
וועל איך דיר זינגען ביי מיין ליר׳!
ניט בלייב צוריק אין פוסטען מאַרק!
אַ האַרציג וואָרט האָב איך פאַר דיר!

הלצה-לידער שטאַרק און ווילד
דיר זינגען וועל איך שעה׳ן לאַנג:
די וועלט איז פוסט, די וועלט איז שוואַרץ!
און לאַכען ביטער ביים געזאַנג...

# טרערען און זיפּצען...

כ׳זאַפּ אין מיר טיף איין די ביטערסטע זיפּצען,
וואָס רייסען פון מוטער׳ס אַ האַרץ זיך אַרויס;
כ׳זאַמעל אין לאָגעל די הייסעסטע טרערען,
וואָס טריפּען פון צערטליכער מוטער׳ס אַ׳ן אויג.

זיפּצט זי, מיין מוטער, אין שטילע פאַרנאַכטען,
ווען איך בין נאָך עפּעס אַ ווייטען פאַרבענקט;
וויינט זי, מיין מוטער, די הייסעסטע טרערען,
ווען כ׳ראַנגעל מיך שו[illegible]קלאַך אין פינסטערע נעכט.

ווע?לען מיר זיין איהרע טרערען און זיפּצען
אַ היילונג צום אייביגען בענקען און פּיין,
איהר, דער פאַר׳צרה׳טער, צערטליכער מוטער —
אַ טרייסט, ווען כ׳וועל געהן און שוין מעהר דאָ נישט זיין...

# א טאנץ.

וועקען אויף מיך, טאַצעני־קלאַנגען:
„אין אַ גוטער שעה, מחותן,
געהט איצט מיט דער כלה טאַנצען —
אוי ער געהט, ער געהט, ער געהט"!

די נגונים און רקודים
פול־התלהבות טראָגען ווייט זיך:
„שבת, שבת, ס'טאַנצט דער זיידע,
שבת, נו וועה גיט נאָך ווייטער?"

די נגונים און רקודים —
ס'איז אַקעגען דאָרט ביים שכן,
דאָ ביי מיר איז טונקעל, שאָטענס,
ס'קרעכצט די מוטער אויף איהר בעט.

טאַנצט די כלה; און מיין מוטער
קרעכצט: „דער לעצטער טאַנץ, דער לעצטער"!
דאָך מיך ציהט אַהין צום רעדעל,
צו די ליכט, צו פויק און טאַצען!

כ'וויל איצט טאַנצען, ווי נאָך קיינער,
צווישען אַלע מחותנים;
כ'וויל פאַרטאַנצען ביז צו מידקייט
פונ'ם טויט די גזלה־שעה'ן.

הערס ניִשט אויף, איהר גאָטגעבענשטע
שמחה-ברענגער, שוין צו שפּילען,
זעהט איך געה דאָך אין דער פּינסטער
טאַנצען, זאָל אויך זיין מיט שאָטענס!

הולעך פּלייטעל, שלאָגט איהר טאַצען,
ס'טאַנצט אַקעגען דאָרט די כלה,
זי – דאָס לעצטע מצוה-טענצעל,
איך – דעם ערשטען טייוועל-טאַנץ!

## כ'וואָלט נישט באַקלאָגען מיין גורל...

כ'וואָלט ניִשט מיין היינטיִגען גורל באַקלאָגען,
עניות און ליידען נאָך לענגער באַוויינען,
עמיִצער זאָל מיר דאָס איינע נאָר זאָגען:
צי וועט מיִר מיין מזל נאָך רויזיִג דערשיינען.

כ'וואָלט ניִשט מעהר שטראָמען פון טרערען פאַרגיסען,
אַמאָל וואָלט איִך לאַכען און האַרציִג זיִך פרעהען,
כ'זאָל מיִך כאָטש קאָנען דאָס איינע דערוויסען:
צי וועל איִך דעם עמק-הבכא ניִשט זעהען.

ד'אויגען, צי וועלען ניִשט זעהן מעהר די כמאַרעס
באַדעקען מיין היִמעל, פאַרטונקלען מיין לעבען,
כ'וואָלט ניִשט מעהר וויינען, זיִך ווייטער באַקלאָגען. —
הלומות נאָר גאָלדענע וואָלט איִך מיִר וועבען!...

## מוטער־ערד!

מוטער-ערד! דו ליידסט מיט מיר,
פֿאַרשטויבט בױזנו, ווי איך — פֿאַרשוואַרצט!

מוטער-ערד! דו ווילסט מײן פּײן
מיט אוצרות דײנע שטילען מיר!

וואָלט איך קאָנען מוטער-ערד
דיך דריקען פֿעסט אין מײנע הענד —

וואָלט איך שטיל דיר שעפּטשען ס׳ליד,
דײן האַרץ באַפֿײכטען מיט מײן טרער!

כ׳וואָלט פֿון שטויב באַוואַשען דיך
מיט טרערען ריינע פֿון מײן אויג.

כ׳וואָלט באַהעפֿט זיך, מוטער-ערד,
צו דיר אויף אײביג... אין דײן שויס!...



* *
*

ענטבלויזט און נאַקעט מיין גורל אַקעגען
איצט שטעה איך אָהן עצה און ווייס ניט, וואוהין
צו ווענדען די אויגען אויף טויזענדער וועגען,
וואָס גאָט האָט געוואָלט נאָך מיט שטיינער באלעגען;
מחשבות, אָט קומען, ווי פּיילען זיי פליהען,
און כ'ווייס ניט וואוהין...

און כ'ווייס נישט, וואוהין
צו געהן און נישט פאַלען אויף סקאַלעס מיט שפּיצען
געשליפען, גלייך אייגענס פאַר מיר נאָר געוועזען;
דאָך טרייבט מיך אַ כח, אויף שטיינער צו שפּאַנען!
און כ'וועל נישט דאַבּיי מיט די ציינער פאַרקריצען,
ווען ז'וועלען מיט שפּרענקלען ווי פונקען פאַרשפּריצען.

אומזיסט זאָל נישט זיין כאָטש מיין כח, ס'באַמיהען
צו רוימען אַ וועג מיר און געהן אין פרייען,
נישט טרעפען דאָרט אויך נאָך פאַרבליבענע שפּורען
פון וויסטע און טונקלע פאַרגאַנגענע יאָהרען,
וואָס האָבען אין האַרצען, ווי וואונדען געציאָטערס,
און זענען פאַרבליבען מיר סיך אין זכרון!!

## מיינע טעג.

ציהען זיך טעג מיינע, גראָהע, אָהן תּכלית,
טעג פון מיין לעבען, ווי וואָלקענס געדיכטע,
וואָס יאָגען אין אויר, פאַרשפרייטען די הימלען,
און ס׳דאַכט זיך: אַ׳ן אייביגע השכות...

ציהען זיך טעג מיינע — אָסיענדיג טריבע:
רעגענס, וואָס קאַפּען מיט פוילקייט אָהן אויפהער;
נישט טראָגען זיי מיט זיך די ריחות פון בלומען
נאָר ברענגען אין הערצער אַ׳ן אומעט...

זענען די טעג מיינע גלאַט אין די וועלטען —
זאָגט מען אַזוי איז ש׳ין איינמאָל פאַרצייכענט:
אַז וויסטער די נעכט, ווי די טעג מיינע פוסטע,
און מידער דער מאָרגען, ווי אָבענד.

שפאַן איך מיר אום שוין אַזוי פון פרימאָרגען
נישט אויסען קיין כיוון און קלער נישט קיין עצה;
ווען כ׳קום צ׳ריק אין אָבענד — נישט זוך איך קיין שנוי
און טראַכט: ס׳אַראַ פוסטקייט אַרומעט...



האָב איך דער וועלט היינט פאַרשענקט אַ מתּנה:
אַן א ו י פונ׳ם האַרצען... אַ בלוטיגע טרער,
בלעטער נגונים, פאַרבענקטע, פאַרצערטע,
מיין אוצר, וואָס חוץ איהם פאַרמאָג איך נישט מעהר —

האָט זי צום דאַנק מיר פאַרטאָפּעלט די וואונדען;
זי זעטיגט אַ פּנים זיך אָן דערפון גוט;
טראָג איך איהר איצט שוין אַקעגען דאָס רעשטעל:
צוריסענע אָדערן... זידענדיג בלוט.

# מיין געמיט.

פֿרעגסט אויף מיין געמיט ? – צו וואָס !
גליַסט זיַך דוקא וויסען דיַר ?
נו גאַ :
שלעפּט זיַך איינער, גלאַט „אַ'ן איינער",
סתם – ניַשט סתם – גאַס אויס גאַס איין,
טרעפּ אויף טרעפּ אַב ;
איַן יעדען הויז קלאַפּט אָן איַן טיַר :
„נעמט אויף צו זיך !"

דורך טירען-שויבעל פֿרעגט אַן אויג :
„ווער ביַזטו לץ ?
וואָס זוכסטו דאָ ?
אָט דיך ? כאַ ! כאַ !"

שלעפּט זיך איינער גלאַט „אַ'ן איינער"
אום אין הייף פֿאַר'עפּוש'טע,
אין ריַנשטאָקען ער באָד די פּיס
און חלומט פֿון אַ מעבעל-שטיב
אַ רייכען טיש, אַ זיידענבעט...
און זינגט פֿאַר זיך און פֿאַר'ן ווינד :
האַ, האַ, דאַ, דאַ, זאָל זיין אַזוי,
זאָל זיין ווי ס'איז אַ-כ'לעבען גוט :
אַ בערגעל מיסט – איך שפּאַן דאַרויף,
איַך שפּאַן אַזוי צו יענער וועלט...

און דאָרט, ווער ווייסט, וואָס ס׳וואַרט אויף מיר ?
אַ בערגעל מיסט ? אַ רינשטאָק נאָך ?
האַ ! האַ ! דאַ, דאַ, זאָל זיין אַזוי,
זאָל זיין ווי ס׳איז, אַ־כ׳לעבען גוט !״

דו קוועלסט דערפון ?
ס׳געפעלט דיר ? האַ ?
נו זאָג, וואָס גליסט דיר וויסען נאָך ?

* *
*

ווען כ׳לעג מיין קאָפּ פון שטיין צו שטיין,
מיין קאָפּ מיט שווערער משא-וואָג
נאָך רוה... פון גליהונג קיהלען איהם —
דאָן גליהט אַיעדער איין פון זיי
מיט פייער-פלאַם און גיהנום-בראַנד,
און פונקען שפריצען ;

איצט וואו זאָל איך איהם לעהנען
און וואו זאָל איך איהם טראָגען
אין העלע טעג און שווארצע נעכט ?

און כ׳האַלט אַזוי איהם אָנגעשפּאַרט
אויף ביידע הענד און קלער :
ס׳וועט שלאָגען ווען אַ דונער
ס׳וועט פאַלען ווען׳ס אַ בליץ —
ערשט דאַמאַלס ווערסטו זיכער פּטור
פון שווערער משא און איהר וואָג :
צושפּאַלטען וועלען זיך די ווענט,
פאַרשפּריצען וועט דער מח ס׳געהירן
און רויט פאַרפאַרבן יעדען שטיין
פון דיין געלעגער, האַרט און חייס ! — —
דאָך זאָגט ווען שלאָגען וועט אַ דונער שוין ?
ווען פאַלען וועט דער בליץ ?

און לאַנג נאָך וועל איך בלאָנדזען אום
נאָך יענער רוה, נאָך יענער קאַלטער רוה ?
און ווען וועט צירען מח און געהירן
די אָנגעגליהטע שטיינער ? !

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

## ווי לאנג ?

ווי לאַנג אַ שפּילבאַל נאָך אין דיינע הענד
פאַרבלייב איך, גאָט, אַ צאָרנדיגער ? !
ווי לאַנג נאָך שלייד׳רען וועסטו מיך פון שטיין
צו שטיין און הויפּענס האַרטע גרודעס ! ?
און איז באמת דאָס דיין איין באַגעהר ? !
צי וועל איך טאַנצען ווייטער נאָך פאַר דיר
ביז פלאַצען וועט צום סוף דיין באַלען ?
דאָך זאָג מיר, ווע̇לען דיינע ריזענ-הענד
מיך דאַן אויף עפּוש׳ן פאַרוואַרפען ?

– – – – – – – – – – – – – – – – – –

בעת דער שפּיל איז נאָך אין פולען גאַנג
און ברענגט אַ שמייכעל אויף די ליפּען,
נאָך גילט דער אויסדערוועהלטער כלי׳ס ווערט :
און דאַן ? און דאַן, אָ צאָרנדיגער ?...
איהר אָרט, דער אָבגעקומענערס – אין שטויב !...
איך קען, אָ צאָרנדיגער שוין דיין גאַנג !...

– – – – – – – – – – – – – – – – – –

דאָך זאָג, פאַרוואָס האָסטו גראָד מיך געוועהלט
און זאָג ווי? לאַנג ? נו זאָג ביז וואַנען ?

– – – – – – – – – – – – – – – – – –

ביז פלאַצען וועט צום סוף די כלי ? !...

## א מצבה פאַר מיר...

שטעכיג דראָט,
שטיינער מיט געפּיילטע שפּיצען
איז מיין וועג׳ם באַדעקונג.
טשאַטשקעס געלע
אָהן שום ריחות, דערנער-קשאַקעס
וואַקסען ביי די ריוועס
– כאָטש געחלומט האָב איך קינדווייז
אַז מיין וועג וועט זיין געבעט מיט
רויזען –

– – – – – – – – – – – – – – – – – –

באַרגאַרויף:
וואָלטען מיינע קורצע נעגעל
גראַלעס דאָ געוועזען –
וואָלט איך גראָבען!
אונטערגראָבען דערנער-קאָרניעס!

– – – – – – – – – – – – – – – – – –

וועלען טייכען דאַן ביים וועג-ברעג
פליסען מיט אַ פילדער ווייט:
ס׳וועלען טראָפּענס שווייס פון שטערען
יענע ריוועס ביי דעם וועג צו
טייכען טיפע פולען. – –

וועלען טייכען מיט אַ רוישען
ווייט פאַרטראָגען יענע דערנער;
און אַ וועג אין שווייס געבאָדען
און אַ וועג פון דערנער פריי,
ווערט מיין וועג
דאַן — פאַר שפעטערדיגע!

- - - - - - - - - - - - - - - - -

און ביים לעצטען טראָפּען שווייס,
און ביים לעצטען דופּק-קלאַפּ,
ביי דעם לעצטען שפּאַן פון וועג,
שטעלען וועל איך דאַן אַ שטיין
בלוט - פון - הענד - און - פוס - באַמאָלען
פאַר אַ זכר פון מיין „ט ו ן"
פון מיין „ד אָ ז יי ן" —
„נישט געוועז"...

## פאר מיינע ח— —ם.

און ס׳וועט זיין:
קוויקען וועט איהר אייך מיט בלויזע קנעפלעך
אויסגעפונען אין מיין שטרויענקיישעל:
ס׳האַרץ וועט האָבען לאַנג אַ וואָרעם אָבגעטאָטשעט!
זוכען וועט איהר קליינגעגדיגע לידער
און אַ ווידערקול אין מיין געצעלטעל —
איהר וועט טרעפען געלע טויטע בלעטער!...

און ס׳וועט זיין:
קושען וועט איהר ווען אָט די שורות
מיט דער ביט׳רער גאַל געשריבען,
מיט פאַרגליווערט בלוט פאַרצירטע —
איהר וועט אין אייך זויגען גיפט, סם-מות!...

און ס׳וועט זיין:
איך וועל דעמאָלט לאַנג שוין נאָר אַ דמיון ווערען,
בלויז אַ דמיון פון אַמאָל געלעבטען,
פון אַ׳ן אָבגעטויטען... און פארשטויסען...
בלויז אַ טונקלער דמיון פאַר השגות.
און ס׳וועט זיין — — — — —



געה איך דורך מיין וועלט מיט טויזענדער השגות און פֿאַרלאַנגען;

זיי, אַ טייל געדערכטע, טייל — פֿאַרקעהרט; דאָך שעהנע ליבע אַלע!

קומען הין נאָך מעהר, נישט האָבענדיג פֿאַר זיך די וועלט דערזעהן נאָך —

איז זיי׳ר קבֿר דאָן אין אייגנער וועלט: אין האַרץ און מיין נשמה.

געה איך אום אַרום די פֿרישע טויזענד קבֿרים, ערשט פֿאַרשיטע,

פֿלאַנץ אויף יעדען אויף אַ בלום, אַ בלום צו זייער זכר,

און פֿאַרשענק זיי צו אַ ליד: אַ קדיש און אַ טרער ביחידות.

* * *

אין די בין-השמשות-שעה'ן,
ווען אַ טונקעלקייט פאַרהילט מיך,
זעה איך מיך אַרויסגעשטויסען
פון דער גרויסער גאָטגעבענשטער
וועלט: פון יענע גליק-באַשענקטע.
מיר אַנטפלעקט זיך אין די שעה'ן
ס'נאַקעטקייט פון מיין נשמה:
ב'אָנגעוועהטאָגטע, פאַרצער'טע,
גליקפאַרגעסען, גאָטפאַרגעסען...

דאַמאָלס קומען אָנגעשטויגען
ספקות איבער זיין און נישט-זיין,
קומט אַ גליסטונג זיך צו פרעגען:
„וואָס באמת וואַרט אויף דיר נאָך?
איז אַ גרויסע וועלט פאַראַנען;
וואָס איז זי פאַר דיר דען איצטער?
איז אַ גרויסע וועלט פאַראַנען;
וואָס ביזטו פאַר איהר דען מעהרער?"

דאָך אַ דינער, נישט-געזעה'נער
פאָדים בינד מיך צו דעם „דאָ-זיין".
אפשר איז דאָס יענער פאָדים
פון דעם האַרץ אַרויסגעשפינען

צו די שטערען און מזלות,
וואָס דערווייל אין זיך באַהאַלטען
נאָך מיין גליק: דאָס אָנגזאָגטע ?!
אפשר איז דאָס יענער שנורעל,
וואָס ער פיהרט די זעעל אַריבער
אין אַ וועלט פון גאָלד-חלומות,
פון אַ טיפען בלויען הימעל ?...

— — — — — — — — — —

בענקט די זעעל נאָך יענעם הימעל,
בענקט די זעעל נאָך שטילען גליק...

## קאַן איך מיך גלײַכען?

קאָן איך מיך גלייכען צום קליינעינקען פויגעל,
וואָס פליהט זיך בהרחבה אין לופטען?
ס׳רודפט איהם קיינער, ער שרעקט זיך פאַר קיינעם,
ער הויבט זיך וואָס העכער צום הימעל...

ר׳בויט זיך זיין נעסטעל, וואו ס׳איז איהם נאָר ניחא:
אויף דעכער, אויף גרינענקע צווייגען;
ר׳זינגט־זיך בנעימות זיין האַרציגע שירה,
דערפולט מיט די טרילערס די לופטען.

וויל ער נאָר בייטען זיין מקום מנוחה —
צושפרייט ער די קליינענקע פליגעל,
פליהט זיך אין שורה מיט זיינע חברים:
די פרייענקע, לופטיגע קינדער.

קאָן איך מיך גלייכען צום קליינענקען פויגעל
כאָטש פליה איך גאַנץ ווייט — אין מחשבות?!
קאָן איך מיך גלייכען צום פרייענקען פויגעל
כאָטש זינג איך — ווען כ׳פיהל אַ פאַרלאַנגען?!

קוים נאָר דערוואַך איך פון פליהען אין מרחק,
פון זינגען די טענער פון האַרצען —
בלייב איך אין אלטען, פארגליווערטען נעסטעל,
כאָטש כ׳פלאַטער און כ׳הויב מיינע פליגעל!

## מיר דריי...

טראָג איך מיין אומעט אַרום אין פאַרנאַכטען
צווישען די כנופיות פין פרעהלאַכען יונגוואַרג,
ליגט ער מיר טיף אין מיין האַרצען פאַרגראָבען:
כ׳וויל נישט פאַר׳סם׳ן זייער האַרציג געלעכטער.

שווייגענדיג קוק איך אַריין אין די אויגען,
יונגע און פייכטע, פול גליסטונג צום לעבען;
שווייגענדיג געה איך באַלד אַלע פאַריבער —
„לאַכט נאָך כל-זמן אייך נישט גריזעט דער יאוש״!

וואָלט איהר פאַרבליבען נאָר ווייטער ביים שטיפען,
אייביג געלאַכט אין די גינגאָלד-פאַרנאַכטען! —
מיר לאָזט שוין איבער מיין אומעט און יאוש:
זאַלבעדריט זענען באַהעפט מיר אויף תמיד...

## זיין וואלט איך א בוים!

זיין וואָלט איך אַ בוים:
אַ ווערבע גלייך בײַם וואַסער־שפּיגעל!
זיין וואָלט איך אַ בוים:
און שטרעקען זיך צו הויכע הימלען!

זיין וואָלט איך אַ בוים:
מיט דינע צווייגלאַך — הענד צושטרעקט
הויך אַרויף צו זון
און זויגען ליכט און ווענע־וואַרעם!

איך בין נאָר אַ מענש!
מיט אויסגעשטרעקטע, דאַרע הענטלאַך
שטעה איך קעגען זון:
און בעטעל ליכט און ווענע־וואַרעם.

קליידען וועט זיך גרין
אַ ווערבע ביי דעם וואַסער־שפּיגעל,
איך — אַ מענש — וועל שטעהן
און זיכער, גראָה נאָך בעטלען לאַנג...

*
* *

און אויטגעהן װעל איך במילא פֿאַר זיסקייט
מיט צאַנקענדיג ליד אויף די בלאַסע צוויי ליפּען,
באַהויכטע מיט אָטעם,
ביים לעצטען פֿאַרציטער פֿון האַרצען...

און אָנגעלעהנט װעל איך אויף סאַמעט-שטול זיצען,
געװענד צו די הימלען און טויזענדער שטערען
די אויגען נאָך אָפֿ'נע,
וואָס טוקען שוין איינציגע בליצען...

און הימלען און שטערען — די טייערסטע עדות —
זיי װעלען פֿאַרנעמען די איינציגע טענער:
דעם זינגערס צואה,
געלאָזט פֿאַר די קינדער פֿון לידער...

*  *
*

דעם בוים צופֿוסענס ליגט אַצינד
זיין אָבגעפּליקטע עטרה:
ס'פֿאַלען געלע בלאַט נאָך בלאַט
פֿאַרשרומפּען און פֿאַרוויאַנעט;
און קאָפּ-אַראָב, אַ נאַקעטער,
מיט אויסגעצאַמטע, דאַרע הענד –
א'ן אבל ביי די קינדערס-גסיסה
שטעהט דער בוים...
ער נויגט פֿאַר עצבות אָן זיין שפּיץ;
ס'פּיקט אַ פֿויגעל אָן זיין צווייג,
פֿאַרקלאַפּערט מיט זיין קליינעם שנאָבעל
און אַנטלויפֿט... צוי, צרי-ראַ...

און מיך פֿאַרשרעקט ער איצט
און מיך פֿאַרקלעמט זיין צער;
אַמאָל האָב איך אַ פֿרייד געהאַט,
ווען ס'האָט זיין קינד זיך ערשט צובליהט,
ווען שטאָלץ ער איז מיט איהם געווען
און קאָפּ-אַרויף האָט ער געהערט
די לידער איהם צום לויב געזונגען.

אַצינד פֿאַרשיילט דער ווינד זיין הויט,
ער רייסט איהם קריעה

אונ פֿאַרוועהט...
זוי פֿאַרגלײַווערט רוישט דער אָבֿל;
איך באַהאַלט מיין קאָפּ אין האַנד
און בין משתתף צו זיין צער:
דערהערענדיג זיין יאָמער-קדיש:
שעפטש׳ איך „יהא שמיה רבא״ צו.

*
* *

איינמאָל וואַרעם מיך נאָך, זון,
אָ גוסס׳דיגע מוטער!
איינמאָל נאָך דיין הייסען קוש
אויף מידען רוקען פיהלען וויל איך!
קאָן אויך זיין, אַז שווער צו וואַרטען
וועס מיר קומען, ווען אין דרייען
וועל איך זיצען איינגעבויגען,
איינגעשרומפען, ביז וועסט וועקען
מיך, אַ וואַרעמע, אַ ליבע!
קאָן אויך זיין, אָ מוטער-זון,
אַז קיינמאָל מעהר...

איצט אַ ציטער-שטראַל איז חשוב,
חשוב׳ער, ווען ר׳איז דער לעצטער,
ווען כ׳האָב זיכער איהם געזויגען,
איידער גאָר אומזיסט צו וואַרטען
און אַ קנויל געקאָרטשעט ווערען —
ביז צום לעצטען הויך.

קוש מיך, זון, אָ גוסס׳דיגע מוטער
פאַר דיין אָבשייד;
איידער געהסט און קומסט צוריק

אין פֿולען גלאַנץ און פֿייער-פֿול,
צו וועקען אַלע איינגעשלאָפֿ'נע!
מיך — איך ווייס נישט —
אויב דערוועקען וועט אַ ווארעמקייט און
רופֿען...

## מיין דער אווענד.

איך אַליין אין פֿריהלינג-אָווענד :
איבער מיר דער בלויער הימעל,
חיל פֿון בליסקענדיגע שטערען,
איך אַליין אין פֿריהלינגס-אָבענד,
אין דער מענשען-לערער גאַס.

כ׳געה מיט שטאָלץ, אַ הערשער בין איך!
מיין דער אָווענד, מיין אַליין!
ביי אַ גאָרטען-פּלויט אַ לידעל
שפּילט אַ יונגעל נאָר פֿאַר מיר ;
איך אַליין נאָר הער די טענער
פֿון האַרמאָניקאַ זיך גיסען,
טענער צו׳ן אַן אָווענד-טאַנץ.

און אַ הונד פֿון פּוירים-הויף
אויסגעצויגען ג׳האַלז צום הימעל
בילט : זיין אָווענד-לויב-געזאַנג.

הערשער בין איך : און פֿאַר גאווה
פּייף איך מיר אַ ליד צו :
מיין דער אָווענד, מיין די נאכט ! —

# מאָרגענ־שטראַלען.

זינגען מיט מיר מאָרגענ־לידער
טויזענדער באַשפּענישען
קעגען זונען־אויפגאַנג.

איז דער מאָרגען גאָר אַ נייער:
ס'האָט די זון מיך אָבגעריסען
פֿון בײנאַכטענ־עצבות.

איז די זון מיר אין פֿריהמאָרגען
ווי פֿאַר פּירות נישט געצייטיגט'
אויף אַ גאָרטענ־בוימעל.

שפּינט מיין האַרץ אין טויזענד פֿעדים
מיט די ערשטע מאָרגענ־שטראַלען
האַרץ־און־זון־געוועבען.

און געוועבען: האַרץ און שטראַלען
איז אַ ליד, אַ הויכע שירה
פֿון די טיפֿסטע קוואַלען.

קוועלט די שירה גלייך צו זון און
זונען־שטראַלען פֿאַלען אויף מיר:
אין די האַרצענס־קוואַלען.

וואָלטען לידער אייביג קוועלען —
וואָלטען אייביג אויך געלויכטען
גאָלדנע מאָרגען־שטראַלען !!

* *
*

ווען ס'לויטערט זיך אַ טאָג מיר אויס —
דאַן גען איך אויף אין וועלטען-פרייּדען.
ווי בלומען ביי פריהמאָרגען-שטראַלען,
אָנגעטרונקען זילבערטוי...

ווען ס'שמייכעלט מיר אַ שיין נאָר צו —
דאַן שוועב איך אום אין אויר הויך,
ווי פויגעל נאָך פריהמאָרגען-לידער,
וואו עס שיסט זיי נאָך קיין אויג...

ווען ס'וואָלטען מיינע טעג געווען
נאָר לויטערערע און שיינענדיגע... !
ווען ס'וואָלטען מיינע טעג געווען
טויען-זאַטע, שירה-פול... !

* *
*

ווען ס'טאַנצען די שטן'ס פֿון גיהנום פֿאַר ד'אויגען
איז דעמולט מיין הילף נאָר דער ביטערער כוס!
און כ'טרינק איינס און נאָך איינס, אַ דריטס און נאָך
ווייטער...
און כ'טרינק ביז די וועלט גיעהט מיט מיר אין אַ ראָד...

דערנאָך קומט אַ טענצעל: אַ פּאָלקאַ, אַ חסיד,
אינאיינעם, אינאיינעם, הוראַ! ביז אין טאָג!
דאַן ווייטער אַ גלעזעל אַ כוס און אַ טענצעל,
ווייל ס'בלייבט דאָך די משקה; לחיים — פֿאַרשפּילט!

העי טרינקושע, העי טאַנצושע, צוגעה דו מיין הערצעל,
אַ שעה — ווי געווינען, אַ טאָג — ווי געשענקט!..
העי טרינקושע, העי טאַנצושע אַלץ מעהרער און
שטאַרקער!
אַ שאָד נאָר דאָס קלערען! דערגעהסט סיי, ווי סיי!...

* *
*

איז מיין גליסטונג, צו פֿאַרברענגען
גאַנצע נעכֿט ביז זונען-אויפֿגאַנג,
גאַנצע טעג ביז אָוועגדשטערען
אין סאַלאָנען אויסגעפּוצטע,
וווּ מאַדאַמען, מאַדמאָזעלען,
אויסגעצירט אין זיידען-קליידער
מאַכֿען אָן אַ רויש, אַ שיפּען...
ציהט אַ גליסטונג מיך אַהינצו,
וואו היסטעריש לאַכֿען הערט זיך
ביי דער קלינגענדיגער פּיאַנאָ
פֿון מאַדאַמען, מאַדמאָזעלען,
מיך פֿאַרשטיקענדיג מיט דופֿטען
און פֿאַרטויבענדיג מיט בשמים
פֿון די אויסגעשפּריצטע לייבער...
און ביים הערען יענע לידער
מיט זיי׳ר קלינגענדיגען תּוכֿן:
„לעב, כּל-זמן דיין אויגעל זעהט נאָך!
לעב, כּל-זמן דיין הערצעל פֿרעהט נאָך!"
און אַ ווינק פֿון זיי׳רע אויגלאַך
און אַ שמייכֿעל אויף די ליפּען —
זענען זיי מיך אַלע גובֿר.
און פֿאַרגעסען זיך מאַדאַמען
און פֿאַרקלערען — מאַדמאָזעלען,

ווען איך בין זיי נאָהנטער... נאָהנטער...
שלינגען מיינע הענד אַרום זיי:
„לעב כל־זמן דיין הערצעל פּרעהט נאָך!"
און מיר דרעהען זיך אין טענצעל.

פלעכטען זיך די הענד אינאיינעם
און פאַרמישען זיך די אָטעמס,
ווערט דאָס טאַנצען לעבעדיגער
זעהענדיג אַרום זיך גאָר נישט...
שווינדען שעה'ן, איז נאָך האַלבנאַכט,
בלייכט זיך אויך אויס די לבנה,
מיר פאַרגעסען זיך אינ־גאַנצען...

און פאַרגעסען און פאַרשוויגען
מיינע אַלטע פוסטע דאגות,
ליג איך שפּעטער אויסגעצויגען
אויף געבעטע סאַמעט־סאָפאַס
און מיך פאָכט אַ זיידען הענטעל
מיט געפּיילטע לאַנגע נעגעל,
ברומענדיג: „כל־זמן דו לעבסט נאָך!"

וואָלט איך תמיד זיך פאַרטאַנצען,
ריחות־אָנגעטרונקען ליגען,
ס'זאָל אַ ווייסע האַנד מיך פאָכען,
מיט היסטערישען געלעכטער:
„לעב כל זמן דיין הערצעל פּרעהט נאָך!"...

## געיעג.

אויפגעכאַפּט אין זומערשאָוונד,
אין דופּטיג וואַסער זיך געבאָדען,
אויסגעפּוצט זיך אין בגדים,
געה איך טויזענד פרויען יאָגען.

כ׳זוך ניט מעהר די פרויען-זעעל:
אַ פרוי מיט זעעל האָט זומער קליין!
רייצענד-שעהנע פרויען האָבען
נישט קיין זעעל, נאָר וועלטען-חנ׳ען.

האָב איך אונטען מיין האַרעם
פאַר פרויען בליסקענדיג-געפּוצטע,
אויבען אין אַ עקסטראַ חדר:
ס׳היכל פאַר מיין קליינער געטין.

אונטען קוש איך ליפּען זיס
און אויבען — נ׳זוים פון געטינס קליידער,
אויבען זעעל און קלייען-באַקען,
אונטען — גיפט און רויזען-ליפּען;

אויבען ליג איך אויף די קני,
נאָך ניכטער פאַר מיין קליינער געטין,
אונטען — אויף אַ זיידען בעטעל
שכור נעבען אַ מכשפה...

## כּלה־ליד.

זיץ איך מיט אַ קיישעל בלומען
אין מיין ווייסען מיידעל־חדר,
פלעכט איך גרינע מירטען איין ;
קומען וועט אַ חנ'וודיגער,
וועט פון קראַנץ אַ בלום זיך רייסען,
וואָס געפלאָכטען האָב איך שטיל מיר,
מיט אַ שנוראַלע פאַרבונדען ;
קומען וועט אַ חנ'וודיגער,
וועט די ליפּען מיינע קושען,
וואָס זיי רויטלען מיר אַקעגען,
אָבגעגלאַנצט אין זילבער־שפיגעל,
ווי די רויטענקענע קאַרשען.
קומען וועט אַ ליבסטער, מיינער,
וואָס איך זעה איהם נאָר אין חלום ;
ר'וועט די לידער מיינע הערען,
וואָס איך זינג אין גאָלדפאַרנאַכטען
אָנגעלעהנט ביים אָפ'נעם פענסטער.
טרינקען וועט ער פון די קוואַלען,
פון די טיפע מיידעל־קוואַלען,
נאָר פאַר איהם אַליין געלויטערט...
קומען וועט דער חנ'וודיגער
אין מיין ווייסען מיידעל־חדר...

* *
*

בין איך אַ בת־מלכּה אין שפּיגעל;
דאָך אומזיסט די אָרעמ׳ס שטרעק איך
און די ליפּן מיינע ברענען,
ברענען איבער...
ס׳האַרץ מיינס קלאַפּט אַלץ שטאַרקער, שטאַרקער,
מיינע אויגען, קוילען־שוואַרצע,
ברענענדיגע אין דעם שפּיגעל
זוכן ווייט... אין הערצער קוקען, —
קומט קיין ליבער...
לעשט אומזיסט זיי׳ר פייער אויס...

זאָל זיך קרושען שפּיגעל־גלאַנץ
פון קאַלטען גלאָז, מיט ד׳פיס געטרעטען,
ווייזענדיג מיך מיר אַליין נאָר
אַ בת־מלכּה — און פאַרשפּאָט פון מאַנסביל־חוזק!
און צופלאָכטען זאָלען דעקען
מיינע האָר, אַ שאַל, דאָס פּנים,
אונטער זיי די אויגען מיינע
זאָלען פונקלען...
זיך פאַרלעשען... און פאַרגלעזען...

* *
*

כ׳וועל ניט בענקען נאָך דיר, ליבער,
כ׳וועל ניט זוכען דיך אין אָוועגד.
קומען וועסטו דאָך אַליין!

דאַן וועל איך די לאַנגע נעגעל
מיינע אין דיין פלייש, פאַרגראָבען
ביז ס׳וועט טריפען רויט דאָס בלוט;
זויגען וועל איך ס׳בלוט, דאָס הייסע,
זאַלצען נאָך די רויהע וואונדען,
וועסט דיך קאָרטשען ווי אַ שלאַנג.

ווען ד׳וועסט בייסען דיינע ליפען
און ד׳וועסט טרייסלען זיך אין פיבער –
וועל איך לאַכען ווי אַ שד!

קום׳זשע איצט, ווען כ׳דאָרשט נאָך ראַכע –
מיינע שפּיציג שאַרפע נעגעל
וואַרטען אויף דיין מיאוס׳ען פלייש!

*
*　　　*

כ׳וועל דיך האַלזען, כ׳וועל דיך טוליען,
הייסער קושען... זאָלסט פאַרברענען
דיך אין גאַנצען אין מיין פייער!
כ׳וועל דיך שטיקען אין די אָרימ׳ס,
דיך דערשטיקען, איידער ד׳אַנדע׳רע
וועט אין שויס דיך באַלד פאַרוויגען!

איידער ס׳וועלען הענד באַלד אַנד׳רע
דיינע לאָקען דיר צוקעמען,
איידער ס׳וועלען מיידעל-אויגען
אין דיין שוואַרצען אויגען-אַפּעל
טובלען זיך; נישט לאָזען וועל איך
דיך אַרויס פון ד׳אָרימס מיינע!

מוזט אין גאַנצען דאָ פאַרברענען,
אָדער מוזט ביי מיר פאַרשטאַרצען!
וועסט קיין אַנד׳רען הויך פאַרציהען;
דיינע טיפע תאוה-קוואַלען
וועלען דאָ פאַרלאָשען ווערען,
וועלען דאָ פאַרטרוקענט ווערען!...

## מזיק.

גליהט אַרומעט ברענט דער הימעל,
קנאַקען פלאַמען, פייער-צונגען,
זשאַרענדיגע פונקען פליהען
און עס רויכערט: אונטערגאַנג.

קולות טראָגען זיך; יללות
מישענדיג זיך איין אין רויכעס
ווערען צו'ן אַ סמן-אבוד;
הויכע בערגער אַש און קוילען.

און אין מיטען בראַנדישפייער
בליצט אַ'ן אויגעל פול-הלצה:
אונטערגאַנג — דאָס וויל איך תמיד.
פלאַמען, קולות, — ברענגען פרייד מיר.

— — — — — — — — — — — — —

מענשען, שוואַרץ-פאַרויכערט, יאָגען
טראָגענדיג די פעק געבונדען,
זוכען זיך אַ מקום מקלט;
ס'אויג אין פייער לאַכט: כאַ, כאַ, כאַ!

אונטער בערגער אַש און קוילען
ליגען בהמות, אָבגעשרפה'ט.

טרעט אויף זיי אַ פּוס פון מזיק:
ליגט פאַרשרפה׳ט, איך האָב ליב דאָס!

— — — — — — — — — — — — — —

ווען עס לעשט זיך אין עס שטילט זיך,
טריפט אַ טרער פון מזיק׳ס אויג באַלד;
מאָרגען-בלאַסקייט זאָגט דעם טאָג אָן
און דער טאָג — מנוחה ברענגט.

ברומט דער מזיק: נישט געדוויערט
האָט מיין טאַנץ אין פייער-ליכטקייט! —
שפייט ער אויף דעם זשאַר צובייזערט
און אַנטרינט מיט קלעמענישען.

## פאיאץ.

מיט אַ'ן אויסגעקרומטען פרצוף
און אַ'ן איינגעריסטער נאָניע
טאַנצט דער פאַיאַץ פֿאַר'ן עולם,
פלעסקענדיג אין דער דאַלאָניע.

אָט צושפּילט ער זיך אין חנ'דלאַך
און צוציהט זיך, ווי אַ שלייען,
באַלד באַווייזט ער זוירע מינעס
און פאַרקאָרטשעט זיך אין דרייען.

און דער עולם, שוויס-באַגאָסען,
רייסט דאָס מויל אויף און די אויגען,
קוועלט פון יעדען קליינעם חנ'דעל,
אויסגעמאָסטען און געוואויגען.

בראַוואָ! בראַוואָ, קונצען-מאַכער!
בראַוואָ פאַיאַץ! — גאָר קיין שלעכטער...!
וואַסער טרייבט ער אין די אויגען,
לאַכענדיג אַ גאַל-געלעכטער...

און ער נייגט זיך און פֿאַרבייגט זיך,
מיט אַ שמייכעל שיקט ער דאַנקען,
קלויבט צונויף די בלומען-קרענצלאַך,
דאָך פֿאַרזינקען אין געדאַנקען...

*

װען עס טײלט איהם אָב דער פּאָרהאַנג
פֿון די גאַפּענדיגע בליקען,
בלײבט ער שטעהן בײם גרױסען שפּיגעל,
נעהנטער זיך איצט צו באַקוקען.

זעהט די שוים־באַדעקטע ליפּען
און די אױגען טרערען־נאַסע,
פֿיהרט די אױסגעקרומטע פֿינגער
אױף די באַקען, מאָגער־בלאַסע.

דאָך באַפֿאַלט איהם באַלד אַ חשק,
גלאַט פֿאַר זיך פֿאַר זײן נשמה
װידער דורכצוזינגען דאָס טענצעל...
גלאַט פאַר זיך... פֿאַר זײן נשמה...

און ער ציהט זיך פֿאַרן שפּיגעל,
קװעלט פֿון יעדער קלײנער מינע
און מגושמ׳ע העװיות,
ביז ס׳באַדעקט איהם אַזש אַ פּינע.

יוכאַי דאַנאַ! האָלאַ„ העיזאַ!
קאָפּ־אַראָב, די פּיס צום הימעל,
האָלאַ דאַנאַ! יוכאַ העיזאַ!
ס׳בענקט מײן אױג נישט נאָך קײן דרימעל!

*

לאַנג איז שוין אַוועק דער עולם,
און ער געהט נאָך אַלץ דאָס טענצעל,
גלאַט פאַר זיך, פאַר זיין נשמה...
— — — — — — — — — — — — — —
וואַרט ער אפשר אויף אַ קרענצעל...?

# דער גליקלאכער.

אויף עפּוש׳ן, מיסטבערג, אין הקדש און ראָוועס
שפּאַנט באַביש, דער אַלטער אין סערדאַק מיט לאַטעס
און נישטערט באַהאַוועגס אַדורך מיט זיין שטעקען:
צו זאַמעלט זיין אוצר אויף: ביינער און שמאַטעס.

צופּונקלען זיך זיינע קאַפּראַווע צוויי אויגען,
ווען ס׳בלינקט זיי אַקעגען אַ בלעכעל, אַ צוועקעל;
ס׳וואַקסט גרעסער און גרעסער אַלץ באַבישעס אוצר —
שוין קוים וואָס ער טראָגט אויף די פּלייצעס דאָס זעקעל.

און שלעפּט ער זיך, באַביש, פּאַמיילאַך, פּאַמיילאַך
און ציילט נאָך אַ שפּאַן נאָך אַ שפּאַן בכונה;
ער זעצט זיך ערשט רוהען ביים פּריזבע פון מרחץ,
ווען ס׳שווימט אויפן הימעל אַרום די לבנה.

ערשט דאַן נעמט ער ס׳זעקעל אַראָב פון דער פּלייצע,
צולעגט אויף דער פּריזבע זיין הויפן אַנטיקען:
אַ שמאַטע, אַ קנאָכען, אַ בלעכעל, אַ בלייער —
ער וואָלט אָט זיין אוצר צום האַרצען צודריקען!

דאָך פלוצלונג פאַרשטעקט ער צוקאָפּענס דאָס פּעקעל:
ס׳קאָן עמיצען גליסטען זיין אוצר צו רויבען! —
פאַרדעקט איהם אין גאַנצען מיט זיינע צוויי פּאָלעס
און הויבט אָן בלחש דעם בורא צו לויבען.

און ס׳שעפּטשען די ליפּען אָהן סוף און אָהן אויפהער
ביז ז׳שליסען זיך צו — עס פאַרמאַכט זיי אַ דרימעל;
צו קאָפּענט זיין אוצר, שלאָפט באַביש, דער אַלטער
און ס׳שמייכעלט צו׳ן איהם די לבנה פון הימעל.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

שלאָפסט גליקלאַך, דו באַביש, האָסט דאָך דיין מנוחה
געפונען אויף אוצרות פון שמאַטעס און ביינער!
שלאָפסט גליקלאַך, דו באַביש באַשיינט און באַלויכטען—
און דיך איז פון מענשען מקנא נאָר איינער!...

דיר חלומט זיך זיכער אַ הויפען מיט אוצרות,
אַ בערגעל חפצים און טייערע אַנטיקען;
דאָך יענעם וואָס זעהט דיך מיט אויגען פול קנאה —
אַ קאָפּ פון אַ הידרע, וואָס וויל איהם דערשטיקען...

שלאָף, באַביש, און שפין דיר דיין חלום צום גוטען,
צום מיסטבאַרג וועט ווייטער דיך פיהרען דער מאָרגען!
דאָך דאָרט וועסטו טרעפען דעם איינעם פאַרפאָרפעלט:
אַ׳ן אוצר געוועזען — אַ׳ן אוצר פאַרבאָרגען!...

* * *

אין פֿרעמדע, פֿינסטערע היכלות
האָב איך קדושות מיר געזוכט...
אין פֿרעמדע פֿינסטערע היכלות —
האָב איך תפלות אָפּגערעכט...

און היינט — מיין אייגען וואָרט פֿאַרגעסען
שטעה איך שטום ביי מזרח-וואַנד,
באַהאַלטען אין די הענד דאָס פּנים,
כּאָטש פֿאַר לייט די שאַנד פֿאַרדעקט...

און בענקענדיגער עצבות-ניגון
גלעט מיין אויר און דריקט אַ טרער
פֿון די פֿאַרשטאָפּען-שוואַרצע אויגען,
שניידענדיג די קראַנקע זעעל...

און אָטעם פּעהלט — און אפשר העזה! —
זיך צו וואַרפֿען אויף די קני,
צו קושען יענע טרעפּ ביים אָרון
און פֿאַרנעצען מיט מיין טרער...

און אָטעם פּעהלט, און אפשר העזה... —
שטיל אין זיך, מיט האַלבען מויל,
די קדיש-שורות צעהל איך איבער
און פֿאַרשווייג פֿאַרהאַרטעוועט...

*
*　　　*

ווייל אויף מיין וועלט-וועג איז פֿאַרבלאַסט
מיין עמוד-ענן אין דער נאַכט...
און כ׳האָב אין פֿינסטערניש געקוקט,
דערזעהן אַ ריזען-הויכען מענש
און בין געפֿאַלען אויף די קני...
— — — — — — — — — —

איך ווייס, מיין גאָט, דו האָסט געפּרווט,
צי וועט כאַנוגענען מיין זעעל
אַ בלויזער נבֿול-פה געזאַנג
במקום אַ פֿרומען תפֿלה-שיר,
אין שחר און אין שקיעה-שעה! —

איך ווייס, מיין גאָט, דו האָסט געקוקט
ווי כ׳ציר אַ מערמעלקאָפּ מיט קרענץ
און קני פֿאַר איהם אין שטאָלצער פּראַכט
אין לעק דעם שטויב פֿון הויכע בערג,
וואָס געניצען מיט רויך און פֿלאַם!...

דאָך זאָג, פֿאַר וואָס האָסטו געלאָזט
פֿאַרבלאָנדזען פֿריהער מיך אין היייל,
וואו טאָג איז ווייט, נאָך ווייטער נאַכט;
וואו ווייט איז לעבען, און דער טויט —
נאָך ווייטער פֿון דעם דמיונ׳ס מאָס?!

און איך האָב אין דער פּינסטערניש
געזוכט אַ וועג — מעג זיין — צו דיר!
די היכל-הנסתרות-טיר ; —
און דו — קאָן זיין, האָסט אויסגעלאָכט
די טריט פון אָנגעשוואָל׳נע פּיס...

דו האָסט, מעג זיין, דיין פריִיד געהאַט
און מענשען׳ס בלינדקייט אויסגעשפּעט
און אָנגעקוועלט, ווי ס׳פּאַלט אויף שטיין
אַ מאָדנע בריה : מענש בל״עז,
באַשאַפען אין דיין עבענבילד...

דו האָסט געזעהן ווי ס׳קריכט אַרום
ס׳באַשעפעניש און שלעפּט אויף זיך
אַ׳ן אַלטע כלי, וואָס פאַרליִרט
אַ׳ן אָנגעזשאַווערט-מעטנעם קלאַנג :
זיין וועג-געזאנג פון פינסט׳רע טעג...

און האָסט געהערט אַ יעדען קרעכץ
פון קרענקענדיגען האַרץ אַרויס,
וואָס איז צוגאַ׳ן אין אייגנעם שמאַרץ
ביי פרעמדער, גרויסער היכל-טיר,
וואָס האָט געשיינט פון פאַלשען גלאַנץ.

און דאָרט האָב איך אַ נעסט געהאַט
און דאָרט, אויף טעג, אַ ליכט געזעהן,
געקושט דעם קאַלטען פלאסטער־שטיין,
וואָס האָט די וואונדען מיר געקילט.
און דו, מיין גאָט — דו האָסט געפּרוּווט?...

* * *

זענען שעה׳ן דאָך פֿאַראַנען,
ווען ס׳דערנעהנטערט מיין נשמה
זיך צום העכסטען היכל.
קומען רגע׳ס אָנגעשטויגען,
ווען איך זעה אַרום מיר פֿינקלען
יענעם קדושה־נצוץ. —
פֿאַלען אָב פֿון מיר די בגדים
וואָכענדיגע, שטויב־באַדעקטע.

און אַ׳ן אויסגעצירטער שטעה איך
אין דעם לייכטען זיידענ׳ס.
ווערט מיין האַרץ די וואונדער־כלי,
אויסגעשפאַנט מיט צאַרטע סטרונעס,
וועלכע ציט׳רען אויף געגלעטע
אין דעם שענסטען נגון.

זענען שעה׳ן אויך פֿאַראַנען,
ווען מיין זעעל פֿאַרפֿאַלט אין תהום׳ן,
וואו עס הערשט דאָס חשכות.
פֿיהל איך אויף זיך אויפֿגעצויגען,
ווי אַ פֿעל פֿון מאוסער חיה,
ווי אַ הויט פֿון שרץ.

דעמולט גראַבל איך מיט די נעגעל
בייס און גרידזע מיט די ציינער; —
טראָגט זיך אום נאָר ס'ווייסע וואָיען
פון אַ הונד, וואָס לעקט און כראָמעט
ערגעץ אַ נבלה...

*

זוך איך דורך נעכט אויף די פינסטערע הימלען
אַ ליכטיגען שטערען! — —
גאר איך אין נעכט בשעת בענקענדע תפלות
צו ליכטיגע סטעזשקעס. — —
קאָן ווער זיך ריהמען אין שעה'ן פון עצבות,
אַז ס'לייכט איהם זיין שטערען?
קאָן ווער דערצעהלען, דערפרישט נאָך אַ תפלה,
אַז ס'האָבען די הימלען געהערט און געזונגען
אָמן?!

האָט ווער געפונען די שמאָלענקע סטעזשקע
צו חסדים און שלוה? — —

בין איך אַ גרעזעל פון רעגען געוואַשען,
וואָס שטרעקט זיך צום הימעל,
איידער עס האָט איהם געקושט נאָך אַ זון-שטראַל! —
יאָ, יאָ, יאָ, אַ גרעזעל אויף וועמען עס זילבערט
אַ פעראַלע טוי,

דעמולט ווען ס'לייכט איהם זיין שטערען אין הימעל ;

— — — — — — — — — — — — —

קען ווער דעם ווען פון פארנאכטיגע שעה'ן,
ווען זון-גאלד צורינט ?!
קען ווער דעם ווען ביי לבנה-ליכט'ס זילבער
אין אווענד פון שלוה ?
האט ווער געזעהן, ווען עס בליצט אויף א שטערען
און פאלט דאן אראב ?

איך האב אויף אלעם געקוקט און געציטערט,
זיי'ר לעבען געלעבט.
איך האב באהאלטען אין הארצען די סודות
ווי זון-גאלד צורינט,
און שטערען פארפאלען
פון הימלען די בלויע
אין וועלט-ים אריין...
און טיף אין מיין הארצען לעבט אויף אין מינוטען
א ציטריגע שיין,
א זילבערנער קלינג-קלאנג פון גסיסה...

*

שפאלטען זיך די זיבען הימלען,
עפענט אויף זיך צ'ריק דאס מבול :
גאט הייסט אונטערגעהן די צאַרטעסטע באשעפענישען !—

שטעה איך ביים אָפּענעם פּענסטער געלעהנט
(מיין שותף צום חדר, שלאָפט רוהיג, געשמאַק)
זעה איך ווי ס׳פוילען נאָך יונגעטשקע לעבענס:
ס׳בויגט זיך פון נאַסקייט אַ גרינינקע צווייג,
ס׳פּיקען צוויי פויגעל די קאָרע, אַראָב —
זויגען דאָס פייכטקייט, דאָס תמצית פון צוויג! —
שטעה איך ביים פענסטער און זעה ווי ס׳צעפוילט...

און נאָך וואָס? און נאָך ווען?
האָט גאָט דען נישט אַנדערע גזע׳ס צום טילגען?!
האָט גאָט דען נישט ווענען די הויט צו פאַרשיילען?!—
אָט למשל איך! —
אַ הענגענדיגע צווייג אַראָב
פון פויל׳ן בוים... —

— — — — — — — — — — — — —

שטאָט טריטען אין בלאָטע, וואָס יערט און צורינגט,
שטאָט אָטמען דעם ריח פון נאַס שטרוי אין גאַס,
וואָלט איך זיין ליבער דער רעגען, וואָס רינט —
ס׳זאפט דאָך די ערד אין איהר שויס איהם אַריין.

שטעה איך און קוק
קוק ד׳אויגען מיר אויס
(אין חדר מיין חבר זיך כראָפּעט געשמאַק:
באָה, אַ האָ, האָ הו...)
און בלייא איז דער הימעל
און בלייא מיינע פיס...

*
*　　　*

מיך פרעגען טויזענד אויגען, אויסגעקאַפּעט-טויטע:
„וואָס זוכט אַ יוד ביי אונז אין ליבען, ענגען וועלטעל?...״
און שטום ווענד אָב זיך איינער און נאָך איהם אַ
צווייטער,
די אַקסלען ציהענדיג: „לאַנג-האָריג משולחת״...
אַ נכנע מיט אַ'ן אָנגעוועהטאָגט, בלוטיג האַרץ
ביים אויוועקגעהן זוך איך אָב מיין פּלאַץ און פריוו פאַר-
שווייגען...

און קומען אָן רעיונות, טויזענדער זכרונות:
אַמאָל געלעבט אַ פאָטער, אויך זיין וועלט באַזעסען:
אַמאָל געלעבט אַ פאָטער — בלאָנקעט אום זיין זכר
און ס'געבליבן זיינ'ס אין אַ פרעמדער ערד פאַרשאַרט...

אַ יונגע מוטער מיט אַן איינגעקנייטשטען פּנים
און האָר מיט זילבער-פעדעמלאַך אַדורכגעפלאָכטען,
אַ מוטער — אייביג-דויערנדיגער האָפנונג-שיר!...

און יענער אוצר, נאָך פון אַלטער צייט, אַ דענקמאָל —
דער זיידע מיט זיין שניי-באַדעקטען קאָפּ און באָרד,
די באַבע מיט די אויסגעוויינטע, אַלטע אויגען...
„פאַר מיינע רעד נישט שטראָף מיך האַרצעדיקער גאָט״
איהר פזמון אויסגעזונגען, טויזענד מאָל פון אָנהויב...

און ס׳קאָרטשעט זיך דאָס האַרץ, אַ קאַלטקײט נעמט
װאַרום:

אַ ליכטעל צינד איך אָן, אַ ליכטאַלע אַ קלײנס,
און פּריװ אין פרעמדער װעלט פאַרלירען נאָך אַ טרער:

אַמאָל געװען אַ מלך, ר׳האָט געהאַט אַ פּרינץ,
אַמאָל אַ פּרינץ געװען אין אַ קרישטאָל פּאַלאַץ
ביים הױכען ברעג פון טיפען, בלױען ים געלעבט...



און אַמאָל וואָלט איך וועלען פֿאַרבייסען די ציין,
פֿאַרשליסען די ליפּען, מיט כח, געוואַלט,
אין האַרצען זאָל יאַטרען די שרעקלאַכע וואונד
און דאָרטען געפֿונען איהר אייביגע נעסט...

דען וואָס דאַרף איך ס׳באַדוירען פֿון מענשען אין גאַס,
וואָס דאַרף איך אַ׳ן עכאָ צום אייביגען קרעכץ? —
איז ליבער פֿאַרשווייגען! — און אפשר פֿאַרקערט:
צולאַכען דעם תלין׳ס געלעכטער ביים שרײַק??

און אויך אפשר דערצעהלען אַ מעשה כדאי,
פֿון יענעם בן־מלך, וואָס האָט צו׳ן אַ שד
פֿאַרקויפֿט זיין נשמה און צאַפּעלדיג האַרץ
צוליב אַ געלעכטער ביים שוועל פֿון זיין גריב?

און אַז דאַן האָט דער שד מיט זיין בלוט־רויטען האַרץ
געקייכט און געטאַנצט ביי דעם בן־מלך׳ס גריב?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און גאָר אפשר דערצעהלען דעם שרעקלאַכען סוד,
ווער ס׳האָט אויך באַצאָהלט פֿאַר מיין האַרץ און
מיין בלוט?

# I.

קום מיין פריינד, און הער דיך איין... און הער דיך איין!
ס'איז מיין טאָג פון מודה זיין און זיך באַקענען;
קום מיין פריינד און הער דיך איין...
דאָך שווייגען זאָלסטו!
ווען די גאַל וועט דיר צוגעהן פון מיינע מעשים —
זאָלסטו נישט אין פנים שפייען און אַנטלויפען:
לאַנג האָב איך געזוכט און אָפּגעוואַרט דעם טאָג!
ס'איז דער בעכער סם אַריבער יעדעס מעסטעל
און מיין האַרץ איז ענג געוואָרען איינצונעמען,
אין דער באַק זיך קנייפען און אַ ליגען זאָגען:
ווייזען ס'פרעהלאַכע געמיט פאַר צאַרטע ווייבער!
...ס'איז שוין שפעט מיט שמאָטעס דעקען ס'קרעציג
לייב מיינס
און באַפייכטען נאָך מיט דופטען זיי פון אויבען...—
ס'וועלען דאָך ממילא מיינע לומפען פוילען!...

— — — — — — — — — —

זאָל אַ סוף צו מיינע טעג זיין — פון שגעון;
טעג פון יאָגעניש אין גאַסען פון פריהמאָרגענס! —
און די נעכט, צי קענסטו זיי? וואו איך פאַרברענג זיי?...
נעכט אין שענקלאַך איינגעריסטע, רויכיג-שוואַרצע
ביי געפולטע גלעזער איינגעבעטענער תקון
פון אַ מאָדנעם חבר, (חבר נאָך גערופען!)
און נאָך יענע נעכט פון גיהנום'דיגען מוטשען

פֿון אַליין־זיך־רייסען און אַליין־זיך־פּרעסען
ביז צום זיב׳טען הימעל, ביז צו דאַרע ביינער —
זיי, די נעכֿט, צי קענסטו, נאָך די טעג די וויסטע?...
זאָל פֿאר דיר נישט זיין פֿאַרהילט מיט פֿוילען בגד!
זעהען זאָלסטו מיך אין אמת, מיט מיין געלען
מתים־פּנים, מיט די טונקעלדיגע אויגען
און די תאוה׳דיגע ליפּען, וואָס זיי ציטערן!...

— — — — — — — — — —

ניין מיין פֿריינד, די צייט איז איבער, כ׳קאָן נישט מעהרער;
כ׳קאָן נישט מעהר ביי פֿרעמדע טישען כאַפּען קרושקעס
ווי אַ הונד אַצוגעוואָרפֿען, מיט אַ חנ׳דעל:
„דאָס איז דיר, דיר קומט דאָס בעסטע חלק!" —
און דאַביי זאָל איך פֿאַרגניגט אַקעגען שמייכלען
און נגונים אַלערליי צום כבוד זינגען,
גיסענדיגע, תאוה־פֿולע, רייסענדיגע:
דאָך דאָפֿאַר אַ הילכיג בראַוואָ־קלאַטשען כאַפּען!...

— — — — — — — — — —

יאָ מיין פֿריינד, כ׳האָב גרעס׳רע מעשים נאָך באַוויזען.
זאָלסט נאָר שווייגען, נ׳קאָפּ נאָר שאָקלען און מיך הערען,
ווען די גאַל וועט דיר צוגעהן — נישט זאָלסטו שפּייען
מיר אין פּנים, ווייל מיר איז זי לאַנג צוגאַנגען...

— — — — — — — — — —

קום, מיין פֿריינד און הער דיך איין... און הער דיך איין!...

## II.

ווען איך עפּען אויף אַ בלאַט פון גרויסען פנקס,
בלעטער ווייטער מיינע טעג, די קורצע לעבּ־טעג, —
קומען מיר אַרויפגעשווימען שוואַרצע שורות,
לאַנגע שורות: יאָרען, טעג אַוועקגעפלויגען;
יעדעס קליינע אות מיר שטעכט אַרויס די אויגען:
האָסט געטון — און ס'איז געהתמ'עט,
נישט געטון — און ס'איז פאַרצייכענט,
גאָלע זינד ביזט אין גאַנצען!
האָסט פאַרגעסען צו געדענקען
און געדענקט נאָר צו פאַרגעסען,
באַלד אַ התיר דיר געפונען,
כאָטש נדרים האָסט געשוואוירען!
ביזט אין טונקעלקייט פאַרזעסען
באַלד — די וואָלקענס גאָר צושאָסען!
אויפגעבלאָזען העליש פלאַמען
באַלד — אַ פלעמעל צוגעדושעט!
האָסט געקלאָגט ביי כלי־זמר־קלאַנגען
און געזונגען — ביי יללות —
זינד, אָ, מוראדיגע, גרויסע,
זינד — חטאים דורכגעוועטבע"! —
לעז איך אַלע דורך און קלער אין מיין זכרון:
אַלעס, אַלעס מיך דערמאַנט: אַ קלאָרער אמת!

וואָס זאָל איצט אַריבער-וועגען אָט די וואָגשאָל
מיט חטאים און עוונות אָנגעלאָדען ?!...

— — — — — — — — — —

שמייכעלסט, פריינד, און קלערסט אודאי: דברי-הבל!
אָדער: ס׳באָמבעלט זיך ביי דיר די צונג פון שכרות!
ניין, מיין פריינד, נישט גרינג קומט אָן צו שאַצען
מענשענס-האַרץ — מיין האַרץ קוים צוואַנציג שעהנע
ווערסנעס
איינגעזויגען; — און אַ זעלען-תהום דערפאָרשען!

— — — — — — — — — —

כ׳ווייס נישט פריינד ווען שלאָגען וועט מיין שעה
פון גסיסה,
כ׳ווייס נישט, פריינד, ווען שטעהען וועל איך פאַר׳ן דין,
איינס נאָר וויל איך: ברענגען צ׳ריק איהם מיין נשמה,
ריין, געלויטערט, ווי געשענקט האָט זי דער בורא
מיר צום לאַנגען, לאַנגען וועג נישט-וואויל-טאָג-פרייען...
כ׳וויל פאַר איהם געסובלט קומען אין מקואות,
וואָס זיי וואַשען אָב אַ שאַנדפלעק פונ׳ם שטערין:
זנות און קלות-דעת אין מיר צונויפגעפאָרטע,
און ווי ברענט דער פלעק מיין שטערין! און ווי צינד ער
מיר די ג׳הירען פייער-בראַנדיש אָנגעשוואָלנע!
כ׳וויל מיין האַרץ, דאָס נאַריש-תאוה-גליסטענדיגע,
האַס-און-קנאה אָנגעזויגטע פאַר איהם עפנען:
„לעז, מיין בורא, אַלץ פון איהם אויס, ס׳איינגעקריצטע,

לעז און שמיד עס, אַז נאָך שלאָגען זאָל עס קאָנען
ביז כ׳,וועל מיך געלויטערט פיהלען פון מיין תשובה,
ביז מיין מח וועט ס׳אייביג-הויכע משיג זיין״.

— — — — — — — — — — — — — — —

הער, מיין פריינד ; ס׳איז נישט קיין מורא פאַר די ריטער,
וואָס דער מלאך דומה גרייט זיי מיר צום כבוד !
נישט דער פחד פאַר געגליהטע פייערצאַנגען,
ס׳לייב מיינס אומ׳ברחמנות׳דיג מיט זיי צו רייסען, —
ס׳איז דעם חוטא׳ס הייס פאַרלאַנגען תקון זוכען
פאַר זיין יונג-געטויטער, נישט פאַרשפּילטער זעעל !...
ס׳איז מיין הייס פאַרלאַנגען איהר אַ תקון געבען !...

— — — — — — — — — — — — — — —

ווייסטו, פריינד, וואָס הייסט צו טיפע הימלען גאַרען
און אַ׳ן אייביגקייטען-ווייטען וועג צו טרעפען ?
קענסטו דען דעם וועג פון שפלות ביז צו הימלען ?

— — — — — — — — — — — — — — —

ווען, מיין פריינד, די לאַנג-געהאָפטע שעה וועט שלאָגען,
ווען מיין וועג וועט זיך שוין הינטער מיר צוציהען,—
קאָנסטו, שטיל, אין טעג פון אימה איבערגעבען
נאָר אַ בלאָנדזשענדיגען יונגען האַרצען,
אַז געגאָרט האָט איינער צו׳ן אַ׳ן עולם-אמת ;
און דיין אָנהויב זאָל צו׳ן איהם נאָר זיין אַזוי :
קום, מיין פריינד, און הער דיך איין, דאָך שווייגען
זאָלסטו...

